פערלאג „פראגרעסס"

# וועמעס גלויבען איז בעסער?

ערצאהלונג

פון גראף לעא טאלסטאי.

איבערזעצט פון רוס'שען

דורך הלל וויכנין.

ווארשא. תרס"ב.

דרוק פון האלטער עט קאמפ., נאלעווקי 7.

# СУРАТСКАЯ КОФЕЙНЯ.

РАЗСКАЗЪ.

Соч. гр. Л. Н. ТОЛСТОГО.

Пер. Г. И. ВИХНИНА.

Изданіе „Прогрессъ" Варшава.

ВАРШАВА. 1901.

Типографія М. И. Гальтера и Комп., Налевки 7.

# װֶעמֶעס גְל[ויבּ]ֶען אִיז בֶּעססֶער? *)

אִין דֶער אִינְדִישֶׁער שְׁטָאדְט סוּרַאט אִיז אַמָאל גֶעוֶוען אַ קַאפֶּע־רֶעסְטָארַאן. אַהִין צוּ פְלֶעגֶען אָפְט צוּ זַאממֶענְקוּמֶען דוּרְכְרַייזֶענְדֶער פוּן פֶערְשִׁיעדֶענֶע לֶאנְדֶער אוּנ שְׁמוּעֶסֶען.

אֵיין מָאל אִיז אַהִין אוֹיךְ אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען אַ גֶעלֶעהְרְטֶער מַאנְן פוּן פֶּערְסִיֶען. דִיזֶער גֶעלֶעהְרְטֶער הָאט כִּמְעַט זַיין גַאנְצֶעס לֶעבֶּען גֶעשְׁטוּדִיעֶרְט דִי טְהֶעאָלָאגִיע (דִי לֶעהְרֶע װֶעגֶען גָאטט), עֶר הָאט גֶעלֶעזֶען אוּנ גֶעשְׁרִיעבֶּען פִיעל בִּיכֶער װֶעגֶען דֶעם, וָואס גָאטט אִיז אַזוֹינְס, וואוּ עֶר גֶעפִינ[ט ז]ִיךְ, נוּר ווִי פִיעל עֶר הָאט נִיט גֶעטְרַאכְט, ווִי פִיעל עֶר הָאט נִיט אִיבֶּערְגֶעקְלֶארְט, הָאט עֶר קֵיין קְלָארֶען בֶּעגְרִיעף װֶעגֶען דֶער גָאטטְהַייט אַלְץ נִיט בֶּעקוּממֶען. אוּנ אוּים גֶעלָאזֶען הָאט זִיךְ פוּן זַיינֶע אַללֶע רַעֲיוֹנוֹת מִיט דֶעם, וָואס עֶר הָאט גָאר אִין גאנְצֶען אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ גְלוֹיבֶּען אִין אַ גָאטט.

דָאס הָאט זִיךְ דֶערְוואוּסְט דֶער פֶּערְסִישֶׁער שַׁאךְ (קֵייזֶער) אוּנ הָאט דֶען גֶעלֶעהְרְטֶען אַטְהֶעאִיסְט (וָואס לַייקֶענְט אִין גָאטט) אַרוֹיס גֶעטְרִיעבֶּען פוּן פֶּערְסִיֶען.

אָט אַזוֹי טְרַאכְטֶענְדִיג שְׁטֶאנְדִיג װֶעגֶען דֶעם, ווִי אַזוֹי עֶס

---

*) דיעזע ערצאֶהלונג האָט טאָלסטאָי בעאַרבייטעט נאָך דעם בעריהמטען פראַנצאָזישען געלעהרטען בערנאַרדען־דע־סאַן פּיער.

איז געוואָרען די וועלט אונ וועלכע אורזאַכען האָבען געבראַכט דער צו, דאס זי זאָלל ווערען, איז דער געלעהרטער אַראָבגעקראָכען פון „גלייכען וועג" אונ, אַנשטאט צו פערשטעהן, דאס ער האָט שוין מעהר קיין פערשטאנד ניט צו טראַכטען וועגען „האָבערס", האָט ער אָנגעפאַנגען צו דענקען, דאס עס איז גאָר אין גאַנצען ניט דאַ קיין האָבערע „זאַך", וועלכע רעגיערט איבער דער וועלט.

מיט דיעזען געלעהרטען איז אומעטום מיט געגאַנגען זיינער אַ שקלאַף פון אַפריקא. יעצט, אַז דער טהעאָלאָג איז אַריין אין רעסטאָראַן, איז דער אַפריקאַנער געבליבען אויפ'ן הויף וואַרטען.

דער געלעהרטער האָט זיך אין רעסטאָראַן אַניעדער געלעגט אויף אַ דיוואַן, ווי דאָרט איז די מאָדע, אונ ער האָט זיך געהייסען דערלאַנגען אָפּיום*). אַז ער האָט אויסגערויכערט אַביסעל, אונ דאס אָפּיום האָט אָנגעפאַנגען צו ריהרען אונ צו מונטערן זיין מאַרך, האָט ער צו זיך צו גערופען זיין שקלאַף.

— זאָג מיר, פערהאַסטער שקלאַף, — האָט געזאָגט דער געלעהרטער, — ווי דענקסט דו: עס איז דאָ אַ גאָטט אָדער ניין?

— געוויס איז דאָ! — האָט געזאָגט דער שקלאַף אונ האָט גלייך אַרויס גענוממען פון אונטער'ן גורט אַ קליינינקען הילצערנעם אידאָל (אָבגאָטטעלע). אָט האָב איך איהן, — האָט ער געזאָגט, — אָט דער גאָטט היטעט עס מיך פון דער צייט אָן, וואס איך לעב אויף דער וועלט. דיעזער גאָטט איז געמאַכט געוואָרען פון אַ סוק פון יענעם הייליגען בוים, צו וועלכעם עס בוקקען זיך אַללע מענשען פון אונזער לאַנד...

---

*) אָפּיום איז אַזאַ געריכט, וועלכעס מען מאַכט צו רעכט פון אונציייטיגע מאָנקאָרענדלעך. דאָס איז זעהר שעדליך פאַר'ן געזונד; דערציו שכור'ט מען זיך אַזוי אַיין פון אָפּיום, דאָס מען פאַללט אַריין נאָך דעם, ווי אין אַ פיעבער, עס חלומ'ען זיך פערשיעדענע חלומות אונ מען פלוידערט, ווי פון היטץ. אָפּיום ווערט איבערהויפט בענוטצט אין כינאַ אונ אין אינדיען.

איבערז.

דיעזען שמועס פונ'ם טהעאָלאָג מיט'ן שקלאף האבען דערהערט די איבריגע געסט פון רעסטאראן אונ האבען זיך פערוואונדערט.

זיי איז עפּעס משונה'דיג אויסגעקומען די פראגע פונ'ם הערר אונ נאך מעהר האבען זיי זיך געוואונדערט איבער דען אנטוואָרט פונ'ם קנעכט.

איינער פון אינדיען, וועלכער האט געהערט צו דער בראהמא־איסטישער רעליגיאָן, האט ניט געקאנט צו האָרען אזא גרויסען ליעגען פון שקלאף, אונ ער האט זיך צו איהם אָבגערופען:

— אונגליקליכער שוטה! קאן מען דען גאר אָנפאנגען צו דענקען, אז גאטט זאלל זיך געפינען ביי א מענשען אונטער'ן גורט? גאטט, זאללסט דו וויסען, גרויסער טיפּש, איז דא אויף דער וועלט איינער – בראהמא. אונ דיעזער בראהמא איז גרעססער פון דער גאנצער וועלט, ווייל ער אליין האט בעשאפען די גאנצע וועלט. בראהמא איז דער איינציגער גרויסער גאטט; בראהמא איז דער גאטט, וועמען עס זיינען אויסגעבויט די טעמפּלען (בתּי מקדשים) אויף די ברעגען פון דעם הייליגען אינדישען טייך גאנגעס, בראהמא איז „דער" גאטט, וועמען עס דיענען זיינע איינציגע פריעסטער – די בראהמינער. אויסער די בראהמינער, קאן קיינער ניט, ווייס קיינער ניט דען אמת'ן גאטט; עס איז שוין אוועק צוואנציג טויזענד יאהר *), אונ ווי פיעל איבער־קעהרעניסען, ווי פיעל חורבות עס האבען זיך געטראָפען אויף דער וועלט, אונ די הייליגע פריעסטער אונזערע בלייבען אלץ די זעלביגע בראהמינער, וועלכע זיי זיינען געוועזען אללע מאל; דאס איז דער פאר, ווייל בראהמא, דער איינציגער, אמת'ר גאטט, בעשיטצט זיי אונ היטט זיי;

---

*) די בראהמינער גלויבען ניט, ווי מיר, יודען, דאס די וועלט שטעהט 5,659 יאהר, נור זיי זאגען, דאס בראהמא האט זי בעשאפען מיט גאנצע 20,000 יאהר צוריק... ווער ווייסט: די געלעהרטע זאגען, דאס די וועלט שטעהט שוין א סך מיללי‌אָנען יאהרען!...

איבערז.

אַזוי האָט גענזאָגט דער בּראַהמינער, און ער האָט געמיינט, דאָס ער האָט אַללעמען איבּערצייגט, אַז עס איז טאַקע אַזוי: דאָס בּראַהמאַ איז טאַקע דער איינציגער פאָטער פון דער וועלט און דאָס נור די בּראַהמינער זיינען די „אויסדערוואהלטע", אָבּער ניט לאַנג האָט געדויערט זיין גליק: אין מיטטען איז געזעססען אַ איד, און ער האָט איהם ניט געלאָזען זיך לאַנג גרויסס האַלטען...

– ניט אמת! – האָט דער יוד מיט גדלות געזאָגט. דער בית המקדש פונ'ם וואהרען גאָטט איז ניט אין אינדיען!.. און גאָטט בעשיטצט ניט, גאָטט היטעט ניט די בּראַהמינער! דער אמת'ר און איינציגער גאָטט הייסט גאָר: „יהוה", און ער איז דער גאָטט פון אברהם, יצחק און יעקב. און דער ריכטיגער גאָטט בעשיטצט נור זיין איין און איינציגעס געליעבּטעס פאָלק ישראל... גאָטט האָט אַללע מאָל געליעבּט און ליעבּט יעצט נור זיין איינציגעס פאָלק יודען, וועלכעס ער האָט אויסגעקליעבּען פון אַללע אומות (פעלקער). און אויב יעצט איז אונזער פאָלק צו שפּרייט און צו זייעט איבּער דער גאַנצער וועלט, איז דאָס ניט מעהר, ווי אַ פּראָבּע פון גאָטט; ער וויל זעהען, אויב מיר, יודעלעך, זיינען נאָך פרומם, אויב מיר קריעבען ניט אַראָב פון זיין וועג, און ער וועט נאָך, נישט קשה, צוריק צו נויף קלייבּען זיינע פערוואָגעלטע און דערשלאָגענע אידעלעך און וועט זיי אַוועק פיהרען צוריק אין ירושלים, ווי ער האָט אונזערע אבות נאָך אַמאָל צו געזאָגט, און ער וועט דאָרט אויפבּויען דען נייען „בית המקדש", וואו מיר וועללען וויעדער מקריב זיין קרבנות... און די גוטע אַלטע צייטען וועללען זיך צוריק אומקעהרען. פאַר די צרות, וועלכע מיר האָבּען אַריבּער געטראָגען אין גלות, וועט אונז גאָטט אַוועקשטעללען אַזוי הויך, דאָס מיר וועללען זיין קליגער און בּייבער פאַר אַללע נאַציאָנען...

אַזוי האָט זיך אָבּגעזאָגט וועגען גאָטט אַ מיינונג דער יוד, און ער האָט זיך פערנאַנדער געוויינט... ער האָט געוואָלט „פאָהרען"

ווייטער, אויפווייזען, ווי 2 מאָל 2 איז 4, דאָס „ער" איז גערעכט, דאָס גאָטט איז „זיין" געליעבטער, נור איין איטאַליענער (אַ קאַטהאָליק) וועלכער איז דאָ אויך געווען, האָט איהם איבערגעהאַקט די רעד.

— איהר זאָגט ניט ריכטיג, — האָט דער קאַטהאָליק געזאָגט צום יודען. — נאָך איינע רעד קוממט אויס, דאָס גאָטט איז אַ בעל עולה. גאָטט קאָן ניט ליי[illegible] איין פאָלק מעהר, ווי איין אַנדערעס. אים געגענטהייל, אויב ע[illegible] האָט אפילו יאָ אַמאָל בעשיטצט דאָס פאָלק ישראל, איז שוין אָט אַכטצעהן הונדערט יאָהר אַוועק פון דער צייט אָן, ווען גאָטט איז אויף אייך אין „כעס" געוואָרען און, אַלס סימן פון זיין כעס, האָט ער אייך אין גאַנצען אויסגעמעקט פון איין פאָלק און האָט אייך צו שפּרייט אין אַללע ווינקעלעך פון דער ערד קוגעל, זאָ דאָס אייער גלויבען: לא די, וואָס עס ווערט ניט פערנאַנדער געבּרייטעט צווישען אַנדערע פעלקער, געהט עס ביי אייך אַלליין אונטער פון טאָג צו טאָג... צו קיין נאַציאָן ווייזט גאָטט ניט קיין גראָסערע ליעבע, ווי צו די קאַטהאָלישע פעלקער, און ער רופט אַללע מענשען, וועלכע וויללען גערעטטעט ווערען און זיין זיכער מיט „גן עדן", דאָס זיי זאָללען ווערען קאַטהאָליקען און, אויסער דיעזער רעליגיאָן, איז ניט דאָ קיין רעטטונג, ניט דאָ קיין הילף.

אָבער אויך דעם אַרמען קאַטהאָליק האָט זיך ניט איינגעגעבען צו איבערצייגען אַללעמען, דאָס נור „זיינס" איז גוט, דאָס נור ער איז גאָטט'ס ליעבלינג... דאָ איז אויך געזעסען אַ דייטש — אַ לוטע-העראַנער *), און ער האָט זיך אָבגערופען צום קאַטהאָליק:

ווי קאָנט איהר דאָס זאָגען, דאָס די גאַנצע רעטטונג איז מעגליך נור

*) די דייטשען זיינען אָבגעפאַללען פון דער קאַטהאָלישער קירכע אים יאָהר 1520, דאַנקען דעם בעריהמטען מאַנן מארטין לוטהער, וועלכער האָט זיי בעלערנט, ווי ווילד און נאַריש די קאַטהאָלישע רעליגיאָן איז לכבוד איהם. רופט זיך די דייטשע רעליגיאָן: „לוטהעראַנישע".

איבערז.

אִין אַייעֶר רֶעלִיגְיָאן ? אִין יֶעוַואנְגֶעלִיוּם (דִי קְרִיסְטְלִיכֶע תּוֹרָה) שְׁטֶעהט דָאךְ בְּפֵירוּשׁ גֶעשְׁרִיבֶּען, דָאס יֶענֶע נוּר װֶעלֶען גֶעהָאלְפֶּען װֶערֶען פוּן דֶעם אַללְמַאכְטִיגֶען פָאטֶער פוּן הִימֶעל. װֶעלְכֶע װֶעלֶען אִיהם דִיעֶנֶען, וַוי אוּנְזֶער גְרוֹיסֶער אוּנ הֵיילִיגֶער לֶעהְרֶער יֶעזוּס כְּרִיסְטוּס הָאט גֶעבֶּאטֶען, אוּנ דִיעֶזֶעס הִיטֶען נוּר מִיר, לוּטְהֶערַאנֶער; אִיהר אָבֶּער הִיטט אוּנ הַאלְט פַאר הֵיילִיג [illegible] וָואס דִי פֶּאפְּסְטֶע *) אוּנ זַייעֶרֶע נָאכְשְׁלֶעפֶּערְס הָאבֶּען אַייךְ גֶעבֶּאטֶען.

דֶער דַייטְשׁ הָאט גֶעעֶנְדִינְט רַעדֶען, אוּנ עֶס הָאט גֶענוּממֶען דַרְשֶׁה'נֶען דֶער טִירְק, װֶעלְכֶער אִיז דָא גֶעװֶען.

— אוּמְזָאנְסְט בֶּערִיהמְט אִיהר זִיךְ מִיט אַייעֶרֶע קַאטְהוֹלִישֶׁע אוּנ לוּטְהֶערַאנִישֶׁע רֶעלִיגְיָאנֶען, — הָאט דֶער טִירְק גֶעזָאגְט צוּ בֵּיידֶע קְרִיסְטֶען, — אַיין עֶרֶךְ פוּן זֶעקְס הוּנְדֶערְט יָאהר נָאךְ אַייעֶר'ן גֶעזֶעטְצְ־גֶעבֶּער אוּנ לֶעהְרֶער אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנְדֶען אוֹיף דֶער װֶעלְט אַ מַאנן מוּהַאמֶער אוּנ הָאט גֶעגְרִינְדֶעט אַ סַךְ אַבֶּעסֶערֶע רֶעלִיגְיָאן. אוּנ, וַוי אִיהר זֶעהט אַללֵיין, דִי אֱמֶת'ע רֶעלִיגְיָאן — דִי מוּהַאמֶעדַאנִישֶׁע — װֶערְט אַלְץ מֶעהרֶער פֶערְנַאנְדֶער גֶעבְּרֵייטֶעט אִין אֵייראָפָּא, אִין אַזְיֶען אוּנ אֲפִילוּ אִין דֶעם גֶעבִּילְדֶעטֶען לַאנְד כִינַא. אִיהר אַלְלֵיין זָאגְט דָאךְ, דָאס דִי יוּדֶען זַיינֶען שׁוֹין פֶערְהַאסְט בַּיי גָאטט אִין דִי „אוֹיגֶען", אוּנ אַבֶּעוַוייז דֶער צוּ הָאט אִיהר אַ טְהַייעֶרן, דָאס דִי יוּדֶען זַיינֶען גֶעדְרִיקְקְט, אוּנ זַייעֶר גְלוֹיבֶּען װֶערְט נִיט פֶערְנַאנְדֶערְגֶעבְּרֵייטֶערְט. זַייט זִיךְ אָבֶּער מוֹדֶה, דָאס דִי מוּהַאמֶעדַאנִישֶׁע רֶעלִיגְיָאן אִיז טַאקֶע דִי אֱמֶת'ע, וָוארוּם עֶס װֶערְט אַלְץ מֶעהרֶער אוּנ מֶעהרֶער מוּהַאמֶעדַאנֶער אוֹיף דֶער װֶעלְט. אִיךְ זָאג אַייךְ, נִיט מוּהַאמֶעדַאנֶער דָאס דִי יְשׁוּעָה קְרִיגֶען נוּר דִי, װֶעלְכֶע גְלוֹיבֶּען אִין אַלְלַאה (גָאטט) אוּנ אִין זַיין הֵיילִיגֶען נָבִיא

*) דער פּאַפּסט איז דער הייליגסטער מאַנן בּיי די קאטהאָליקען; זיי זאָגען, דאָס יעזוס כּריסטוס האָט צוּ שאַפֿען אויפ'ן הימעל, דער פּאַפּסט — אויף דער ערד. ער וואויהנט אין דער הויפּט שטאָדט פֿון איטאַליען, אין ראָם.

איבֿ׳רז.

מוּהַאמֶעד אונ וַוייטֶער קַיינ[illegible] נִיט! אוּנ, דֶערצוּ, מַחְשָׁבוֹת'ן, מוּסס אִיךְ אַייךְ בֶּעמֶערְקֶען, דָאס „דִי“ מוּהַאמֶעדַאנֶער וֶועלְלֶען גֶעהָאלְפֶּען וֶוערֶען, וֶועלְכֶע זַיינֶען „סוּנְנִיטֶען“ *), דִי „שִׁיאִיטֶען“ אָבֶּער, אָדֶער „אַלִי'ס“ בַּאנְדֶע, וֶועלֶען גֵעהְן מִיט אַ פַייעֶר...

בַּיי דִי לֶעטְצְטֶע וֶוארְטֶער הָאט זִיךְ דֶער פֶּערְסִישֶׁער גֶעלֶעהְרְטֶער אָנְגֶעחַאפְּט; עֶר הָאט גֶעהֶערְט צוּ אַלִי'ס נָאכְפָּאלְגֶער, אוּנ עֶר הָאט גֶעוָואלְט אוֹיפְוַוייזֶען, אַזוֹי וִוי אַללֶע, דָאס זַיין גְלוֹיבֶּען אִיז דָאס שֶׁאנְסְטֶע אוּנ דָאס בֶּעסְטֶע, נוּר אִין רֶעסְטָארַאן אִיז גֶעוָוארֶען אַזַא לַיארֶעם אוּנ אַזַא גֶעפִּילְדֶער פוּן דִי פֶּערְשִׁיעדֶענְגְלוֹיבִּיגֶע אוֹיסְלֶאנְדֶער, אַז עֶר הָאט נִיט גֶעקָאנְט אוֹיס רֵעדֶען אַ וָוארְט.

יֶעדֶערֶער הָאט גֶעלוֹיבְּט דָאס זַיינִיגֶע; דָא זַיינֶען גֶעוֶוען קְרִיסְטֶען פוּן אַבֶּעסְסִינְיֶען (כּוּשׁ), אוֹיף וֶועלְכֶע מֶען זָאגְט, דָאס זֵיי זַיינֶען חָצִי אִידֶען, חָצִי קְרִיסְטֶען, אוֹיךְ זַיינֶען גֶעוֶוען לַאמֶען (הֵיילִיגֶע גַלָחִים פוּן דֶער נַייעֶר רֶעלִיגְיָאן לַאמַאאִיזְמוּס) פוּן אִינְדִיֶען, יִשְׁמְעֵאלִים אוּנ אֲפִילוּ דִי וָואס בּוּקֶען זִיךְ צוּ פַייעֶר...

אַללֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶענוּמֶען בֶּערִיהמֶען אוּנ בֶּעפּוּטְצֶען מִיט וָואס שֶׁאנֶערֶע אוּנ שֶׁאנֶערֶע פֶּעדֶערן. יֶעדֶערֶער הָאט גֶעזָאגְט, דָאס נוּר אִין „זַיין“ לַאנְד וַוייסס מֶען דֶען אֱמֶת'ן גָאטט אוּנ נוּר „זֵיי“ וַוייסֶען, וִוי צוּ דִיעֶנֶען צוּ אִיהם, וִוי צוּ בּוּקֶען זִיךְ צוּ אִיהם...

אֵיינֶער אִיז דָא גֶעוֶוען נוּר, וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ נִיט אַרַיינְגֶעמִישְׁט

*) נאָך מוּהאַמער'ס טוידט זיינען געוואָרען אין דער רעליגיאָן צוויי פּאַרטיען: איינע האָט זיך גערוּפען שיאיטען, וועלכע האָבען זיך געהאַלטען נוּר אין דער ריינער תּוֹרה פוּן מוּהאַמעד. די צווייטע פּאַרטיע האָט מען גערוּפען סוּנניטען, וועלכע האָבען געהאַלטען פאַר הייליג דאָס בּוּך „סוּננאַ“, וואוּ עס ווערען בּעשריעבּען מוֹפתים אוּנ ניסים פוּן מוּהאַמעד'ס לעבּען; גענוּג בּלוּט־איז פערגאָססען געוואָרען אין די שטרייטען פוּן די בּיידע פּאַרטיען... די אַראַבּער אוּנ טירקען זיינען סוּנניטען, די פּערסיערשיאיטען. די שיאיטען הייססען אויך „אלי'ס נאָכפאָלגער“.

איבערז.

אִין דֶען לַאנְגֶען שְׁמוּעֶס אוּנ וֶועלְכֶער [illegible] זִיךְ נִיט בֶּערִיהמְט . עֶר הָאט גֶעטְרוּנְקֶען טְהֶעע , גֶעהֶארְט אַלְץ , וָוא ס מֶען הָאט גֶערֶעדְט , נוּר אַלֵיין הָאט עֶר גֶעשְׁוִויעגֶען . דָאס אִיז גֶעוֶוען אַ כִינֶעזֶער , וֶועלְכֶער הָאט גֶעהַאלְטֶען פַאר הֵיילִיג דָאס גֶעזֶעטְצְבוּךְ פוּן דֶעם בֶּערִיהמְטֶען כִינֶעזִישֶׁען פְהִילָאזָאף קָאנְפוּצִיוּס .

דֶער טִירְק , אַז עֶר הָאט בֶּעמֶערְקְט צְוִוישֶׁען דִי דִיסְפּוּטִירֶענְדֶע (שְׁטְרַייטֶענְדֶע) דֶען כִינֶעזֶער , הָאט עֶר זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט צוּ אִיהם מִיט אַזַא גֶעבֶּעט :

– הֶעלְף דוּ חָאטְשׁ מִיךְ אוּנְטֶער , גוּטֶער כִינֶעזֶער ! דוּ שְׁוַויינְסְט , אָבֶער דוּ וָואלְסְט גֶעקָאנְט „עֶפֶּעס" זָאגֶען , פוּן וָואס אַלֶע וָואלְטֶען פֶערְשְׁטֶעהְן , דָאס נוּר מוּהַאמֶעדַאנִישֶׁע רֶעלִיגְיָאן אִיז דִי רִיכְטִיגְסְטֶע . אִיךְ וַוייס , דָאס בַּיי אַייךְ , אִין כִינַא , וֶוערֶען יֶעצְט אַיינְגֶעפִיהרְט פֶערְשִׁיעדֶענֶע גְלוֹיבֶּענְס . אַייעֶרֶע קוּיפְלַייטֶע הָאבֶּען מִיר נִיט אֵיין מָאל גֶעזָאגְט , דָאס דִי כִינֶעזֶער נֶעהמֶען אָן מִיט חַשֶׁק דִי מוּהַאמֶעדַאנִישֶׁע רֶעלִיגְיָאן , אוּנ זֵיי רֶעכְנֶען זִי פַאר דִי בֶּעסְטֶע פוּן אַלֶע . הֶעלְף זְשֶׁע מִיר , טְהַייעֶרֶער כִינֶעזֶער , אוּנ זָאג זֵיי , דָאס דוּ גְלוֹיבְּסְט אוֹיךְ , אַז אַלְלַאה אִיז אֵיינֶער אוֹיף דֶער וֶועלְט , אוּנ זַיין אֵיינְצִיגֶער גֶעזַאלְבְּטֶער אִיז מוּהַאמֶעד .

— אָ , טַאקֶע , טַאקֶע , זָאג , וָואס דֶענְקְסְט דוּ ; דוּ הָאסְט עֶפֶּעס גָאר גֶעשְׁוִויעגֶען , — הָאבֶּען אוֹיךְ דִי אִיבְּרִיגֶע גֶאסְט פוּן רֶעסְטָארַאן גֶעבֶּעטֶען דֶען כִינֶעזֶער . דֶער כִינֶעזֶער , קָאנְפוּצִיוּסֶ׳עס תַּלְמִיד , הָאט זִיךְ פֶערְטְרַאכְט אוֹיף אַ רֶגַע , דֶערְנָאךְ הָאט עֶר אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּ רֶעדֶען מִיט אַשְׁטִילֶער אוּנ רוּהִיגֶער שְׁטִימֶע .

---

– מַיינֶע הֶערְן , – הָאט עֶר גֶעזָאגְט , – מִיר דוּכְט , דָאס דִי מֶענְשֶׁען וָואלְטֶען לֶעבֶּען אוֹיף דֶער וֶועלְט בְּרִידֶערְלִיךְ , זֵיי וָואלְטֶען זַיין סָאלִידַאר , ד. ה. אַיינְשְׁטִימְמִיג , אִין אֵיין גֶעדַאנְק וֶועגֶען דֶער רֶעלִיגְיָאן , וֶוען נִיט דֶער עֶגָאאִיזְמוּס , דִי לִיעבֶּע „נוּר" צוּ זִיךְ , וֶועלְכֶער

האַלט אונז געפּענטעט, ווי ... שטאַרקע אייזערנע קעטטען. אויב איהר וועט זיך בעמיהען מיך אויסהערען, וועל איך עס אייך ערקלערען מיט אַ ביישפּיעל.

איך בין אַרויסגעפאהרען פון כינא נאך סוראט אויף איין ענגלישען דאַמפּפשיף, וועלכעס איז אַרום געגאַנגען די ערד קוגעל אַרום אונ אַרום. אויפ'ן וועג האבען מיר זיך אָבגעשטעללט בײַ אַ ברעג פון דער אינזעל סומאַטראַ (ניט ווייט פון אינדיען), כּדי אַריינצוגעהמען אין שיף ריינעס וואססער צום טרינקען. אַרום האַלבען טאג זיינען מיר הערונטער געגאַנגען אויפ'ן ברעג, אונ מיר האבען זיך אַניעדער געזעטצט אין אַ שאטטען פון קאקאס־בוימער, ניט ווייט פון אַ דארף פון די איינוואהנער פון אינזעל. מיר זיינען געוועזען עטליכע מאַנן פון פערשיעדענע לאנדער.

ווי מיר זיינען אַזוי געזעססען, איז צו אונז צוגעגאַנגען אַ בלינדער.

דיעזער מענש איז בלינד געוואָרען, ווי מיר האבען נאָכדעם דערגאַנגען, דערפון, וואס ער האט צופיעל געקוקט אויף די זונן; דערפון, וואס ער האט געוואלט פערשטעהן, וואס דאס איז אַזוינס די זונן. ער האט עס געוואלט דערגעהן, אום צו צו נעהמען די ליכטיגקייט פון איהר.

ער האט זיך געמאַטטערט אונ געמאַטטערט, ער האט געטהון, וואס עס איז נור מעגליך געוועזען צו טהון; איהם האט זיך געוואָללט אַריינכאַפּען עטליכע שטראַהלען פון דער זונן, אנכאַפּען זיי אונ פערקארקענען אין אַ פלאַשעל.

אַלאַנגע צייט האט ער זיך געמוטשעט, ער האט אַלץ געקוקט אויף די זונן אונ האט גאר נישט געקאַנט מאַכען, נור איין זאך האט ער יאַ אויסגעפיהרט: פון דער גרויסער ליכטיגקייט פון דער זונן איז ער קראַנק געוואָרען אויף די אויגען אונ איז בלינד געוואָרען.

דאַנן האט ער צו זיך אַזוי געזאָגט:

– די ליכטיגקייט פון דער זונן איז ניט קיין פליעסיגקייט, וואָרום אויב זי וואָלט זיין אַ פליעסיגקייט, האָט מען דאָך זי בעדאַרפט קאָנען איבערגיעססען פון איין כלי אין די אַנדערע, אונ זי האָט דאָך בעדאַרפט ציטטערן פונ׳ם ווינד אַזוי ווי וואססער. די ליכטיגקייט פון דער זונן איז אויך ניט קיין פייער, וואָרום אויב זי וואָלט זיין פייער, האָט זי דאָך בעדאַרפט פערלאָשען ווערען אים וואססער, די ליכטיגקייט איז אויך ניט קיין גייסט, קיין רוח, ווייל מען זעהט זי דאָך (אַ רוח זעהט מען ניט...). היינט אָלא ווי באַלד, אַז די ליכטיגקייט פון דער זונן איז ניט קיין פליעסיגקייט, ניט קיין פייער, ניט קיין רוח, איז די ליכטיגקייט פון דער זונן: גאָר נישט!

אַזוי האָט דער בלינדער פילאָזאָפירט, אונ אין דער זעלביגער צייט, וואָס ער האָט געקוקט אַלץ אויף די זונן אונ האָט אַלץ געטראַכט וועגען איהר, האָט ער פערלאָרען די ראִיה מיט׳ן שכל צוזאַממען...

אַז ער איז שוין גאָר אין גאַנצען בלינד געוועזען, איז ער געוואָרען גאַנץ זיכער, דאָס קיין זונן איז ניט דאָ.

מיט דיעזען בלינדען איז צוגעגאַנגען זיין שקלאַף אויך, ער האָט אַוועק געזעצט זיין הערר אין אַ שאָטטען פון אַ קאַקאַאָ-בוים, האָט אויפגעהויבען פון דער ערד אַ קאַקאַאָ-נוסס אונ האָט אָנגעפאַנגען צו מאַכען פון דעם אַ נאַכט לאַמפּעל. אַ קנויט האָט ער געמאַכט פון אַ קאַקאַאָ-פּאָדעם, אַנשטאָט בוימאָהל האָט ער אויסגעקוועטשט פונ׳ם נוסס די פעטטקייט אונ האָט זי אַריין געגאָססען אין דעם שאָלעכטס. וועלכער האָט געדיענט אַלס כלי. ווען דער שקלאַף האָט אַזוי געמאַכט זיין לאַמפּעל, האָט דער בלינדער, אַקרעכטץ געבענדיג, געזאָגט צו איהם:

– נו, וואָס, שקלאַף? איך האָב דיר ניט געזאָגט, דאָס עס איז ניט דאָ קיין זונן? דו זעהסט, ווי פינסטער עס איז?... אונ מען זאָגט מיר: די זונן... היע, העע, היע... לאָז מיר אָבער וואָר

זאָגען, וואָס דאָס איז אַזוינס די זונן?!

— ווי קומס איך צו וויסען, וואָס די זונן איז, — האָט דער שקלאַף געזאָגט. — מיך אינטערעססירט עס גאַנץ ווענינ. זעהט איהר: וואָס די ליכטיגקייט איז, ווייסס איך. אָט האָב איך געמאַכט אַ לאָמפּעל, ווערט מיר זיין ליכטיג, און איך קאָן אייך מיט דעם אויך אַ טובה טהון און אַלץ געפינגען אין וואָגען.

און דער שקלאַף האָט גענומען אין האַנד דעם שאָלעכטס פונ'ם נוסס — דען לאָמפּ. — אָט איז, האָט ער געזאָגט, מיין זונן!

דאָ דער ביי איז געזעססען אַ הינקענדיגער. ער האָט עס דערהערט און האָט זיך פערנאַנדער געלאַכט.

— ווי עס ווייזט אויס, בינסט דו פון געבוירען אָן בלינד, — האָט ער געזאָגט צום בלינדען, — אַז דו ווייססט ניט, וואָס עס איז אַזוינס די זונן. איך וועל דיר זאָגען, וואָס דאָס איז: די זונן איז אַ פייערדיגע קוגעל, און דיעזע קוגעל געהט יעדען טאָג אַרויס פונ'ם ים און יעדען אָבענד זעטצט זי זיך אַוועק אויף די בערג פון אונזער אינזעל; דאָס זעהען מיר אַללע, און דו וואָללסט אויך געזעהען, ווען דו וואָללסט זיין אַ זעהענדיגער.

איינער אַ פישער, וועלכער איז דאָ אויך געזעססען, האָט ניט געקאָנט צו הערען, ווי מענשען רעדען אַזאַלכע שקרים (ליעגענס), און ער האָט דעריבער געזאָגט צום הינקענדיגען:

— נאָך דיינע רעד ווייזט אויס, דאָס דו בינסט קיין איין מאָל אין ערגעץ ניט געוועזען, אויסער ווי אויף דיין אינזעל. ווען דו וואָלסט אָבער ניט געוועזען קיין הינקענדיגער און וואָלסט אַרום געפאָהרען איבער'ן ים, וואָלסט דו דערוואוססט זיך, דאָס די זונן זעטצט זיך ניט אויף די בערג פון אונזער אינזעל, נור ווי זי געהט אַזוי אַרויס אין דער פריה פונ'ם ים, אַזוי זעטצט זי זיך אַוועק אים אָבענד ווידער אין ים. איך זאָג עס ריכטיג, ווייל איך זעה עס טאָג טאָגליך מיט מיינע אויגען.

דָאס הָאט דֶערהֶערְט דֶער אִינְדִיאַנֶער *).

– אִיךְ וואוּנְדֶער זִיךְ מֶעהר נִישְׁט, – הָאט עֶר גֶעזָאגְט, – וִוי קָאן דָאס אַ קְלוּגֶער מֶענְשׁ רֶעדֶען אַ זָאלְכֶע, בִּמְחִילָה, נַארֶעשְׁקַייטֶען. אִיז דֶען דָאס מֶעגְלִיךְ, דָאס אַ פַייֶערְדִיגֶע קוּגֶעל – דִי זוּנְן – זָאלל זִיךְ אַרָאבְּלָאזֶען אִין וַואסֶּער אוּנ זָאלל נִיט פֶערְלָאשֶׁען וֶוערֶען. דִי זוּנְן, הֶערְט, וָואס „אִיךְ" זָאג אַייךְ, אִיז גָאר נִיט קַיין פַייֶערְדִיגֶע קוּגֶעל, דִי זוּנְן אִיז גָאר אַ... גָאטְטְהַייט. דִיעזֶע גָאטְטְהַייט הַייסְט: דֶעוַוא. דִי גָאטְטְהַייט פָאהרְט אַרוּם אוֹיף אַוָואגֶען אִיבֶּערְ'ן הִימֶמֶעל אַרוּם דֶעם גָאלְדֶענֶעם בַּארְג סְפֶּערוּווִיאַ.

עֶס טְרֶעפְט, דָאס דִי שְׁלֶעכְטֶע שְׁלַאנְגֶען רַאגוּ אוּנ קֶעטוּ פַאלְלֶען אָן אוֹיף דֶעוַוא (דִי זוּנְן) אוּנ שְׁלִינְגֶען זִי אַיין, דַאנְן וֶוערְט פִינְסְטֶער (נַאכְט). אָבֶּער אוּנְזֶערֶע הַיילִיגֶע פְּרִיעסְטֶער נֶעהמֶען תְּפִלָּה טְהוּן, דָאס דִי גָאטְטְהַייט זָאלל בֶּעפְרַייט וֶוערֶען, אוּנ דַאמָאלְס וֶוערְט זִי בֶּעפְרַייט. מֶעהר נִישְׁט אַזָאלְכֶע אוּנְווִיסֶענְדֶע, וִוי אִיהר, וָואס זַייט קֵיינְמָאל נִיט אַרוּיס גֶעפָאהרֶען וַוייטֶער, וִוי פוּן דִיעזֶער אִינְזֶעל, קָאנְט זִיךְ פָארְשְׁטֶעלְלֶען, דָאס דִי זוּנְן לַייכְט נוּר בַּיי אַייךְ...

דָא אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיךְ אַיין יֶעגִיפְּטִיאַנֶער (מִצְרִי), וֶועלְכֶער הָאט גֶעהַאט אַיינ'אַייגֶענֶעם שִׁיף; עֶר הָאט אוֹיךְ גֶערֶעכְנְט פַאר נֶאטְהִיג אַרַיין צוּ מִישֶׁען זִיךְ, עֶרְקְלֶערֶען זֵיי, וִוי זֵיי לֶעבֶּען אִין טָעוּת...

– נֵיין, – הָאט עֶר גֶעזָאגְט, – דָאס אִיז אוֹיךְ נִיט אֶמֶת, דִי זוּנְן אִיז קֵיין גָאטְטְהַייט נִיט, אוּנ זִי גֶעהט נִיט אַרוּם נוּר אַרוּם אִינְדִיעֶן אוּנ אִיהר גָאלְדֶענֶעם בַּארְג. אִיךְ הָאבּ אַסַךְ גֶערַייזְט אִיבֶּערְ'ן שְׁוַוארְצֶען יַם, אוּנ גֶעבֶּען אַרַאבִּיֶען **), אִיךְ בִּין גֶעוֶוען אוֹיף דֶער אִינְזֶעל

---

*) די איינוואָהנער פֿון אינדיען, וועלכֿע געפֿיננט זיך אין דעם וועלט טהייל אזיען, הייססען: אינדוסען אָדער אינדיער; די מענשען פֿון אינדיען, וועלכֿע געפֿיננט זיך אין צָפון אַמעריקא, הייסען: אינדיאנער.

**) אַ וויסטעס לאַנד אין אזיען, וואו מוהאמעד איז געבוירען געוואָרען.

מַאדַאגַאסְקַאר (אִין אַפְרִיקַא), אונ אויף דִי פִילִיפִּינִישֶׁע אִינְזֶעלן (אִין אַזְיֶען),— הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען, וִוי דִי זוּנְן בֶּעלַייכְטֶעט אַללֶע לֶאנְדֶער אונ נִיט נור אַיין אִינְדִיעֶן, זִי גֶעהט נִיט אַרום אַיין בַּארְג, נור זִי „שְׁטֵעהט" אויף בַּיי דִי יַאפַּאנִישֶׁע אִינְזֶעלן (אִין אַזְיֶען), אונ דְרִיבֶּער הַייסֶען טַאקֶע דִי אִינְזֶעלן: יַאפֶּען, ווַייל דָאס בֶּעדַייטֶעט אויף זַייעֶר שְׁפְּרַאךְ — זוּנֶען-אויפְגַאנְג, אונ זֶעטְצְט זִיךְ אַנִיעדֶער ווַייט, ווַייט אִין מַעֲרָב זַייט, הִינְטֶער דִי אִינְזֶעלן פון עֶנְגְלַאנְד. אִיךְ ווַייסס עֶס גַאנְץ גוּט, ווַייל אִיךְ הָאבּ זִיךְ אַללֵיין אַ סַךְ אָנְגֶעזֶעהֶען אונ דֶערְצוּ הָאבּ אִיךְ אַ סַךְ אָנְגֶעהֶערְט זִיךְ פון מַיין זֵיידֶען, ווֶעלְכֶער הָאט אַרום גֶערַייזְט כִּמְעַט אַללֶע יַמִים.

עֶר הָאט גֶעוָואלְט נָאךְ רֶעדֶען, נור אַיין עֶנְגְלִישֶׁער מַאטְרָאז (אַ דִינֶער) פון אונְזֶער שִׁיף הָאט אִיהן אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט.

— עֶס אִיז נִיט דָא קַיין אַיין לַאנְד, אויסְסֶער עֶנְגְלַאנְד. — הָאט דֶער מַאטְרָאז גֶעזָאגְט, — וואו מֶען זָאלל אַזוי גֶענוי ווִיסֶען, וִוי דִי זוּנְן גֶעהט אַרום. דִי זוּנְן, ווַייסֶען מִיר אַללֶע אִין עֶנְגְלַאנְד, שְׁטֶעהט אִין אֶרְגֶעץ נִיט אויף אונ לֶעגְט זִיךְ אִין אֶרְגֶעץ נִיט. זִי גֶעהט אַרום אָהן אויפְהֶער אַרום דִי עֶרְד. מִיר ווַייסֶען עֶס גוּט, ווַייל מִיר הָאבֶּען אַללֵיין נִיט לַאנְג אַרום גֶערַייזְט דִי גַאנְצֶע עֶרְד קוּגֶעל, אונ אִין אֶרְגֶעץ הָאבֶּען מִיר זִיךְ נִיט אָנְגֶעשְׁטויסְסֶען אויף דִי זוּנְן. אוּמֶעטוּם אִיז זִי דִי זֶעלְבִּיגֶע, ווֶעלְכֶע מִיר זֶעהֶען דָא, אִין דֶער פְרִיה בֶּעווַייזְט זִי זִיךְ אונ אָבֶענְדְס בֶּעהַאלְט זִי זִיךְ.

אוּנ דֶער עֶנְגְלֶאנְדֶער הָאט גֶענוּממֶען אַ שְׁטֶאקְקֶען, הָאט אויסְגֶעצֵייכֶענְט אויפְ'ן זַאמְד אַ קְרַייז אונ הָאט אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּ עֶרְקְלֶארֶען, וִוי אַזוי דִי זוּנְן דְרֶעהט זִיךְ אַרום דֶער עֶרְד... עֶס אִיז אָבֶּער אִיהם נִיט גֶערָאטְהֶען צוּ אִיבֶּערְצַייגֶען דֶען עוֹלָם, דָאס עֶס אִיז

---

האָט געגרינדעט זיין רעליגיאָן אונ איז געשטאָרבען; דיעזעס לאנד איז אַ נאָהענטע שְׁכֵנ'טע מיט פּאַלעסטינאַ (ארץ ישראל).

איבערז.

טאָקע אַזוי אונ, אָנְוַויזֶענְדִיג אויפְ'ן רוֹדֶערֶער פון זַיין שִׁיף, הָאט ער גֶעזָאגְט:

—עֶר אִיז מֶעהר פַאר מִיךְ גֶעלֶערְנְט, אונ עֶר וֶועט אַייך עֶס בֶּעסֶער גֶעבֶּען צוּ פֶערְשְׁטֶעהן.

דֶער רוֹדֶערֶער אִיז גֶעוֶוען אַ קְלוּגֶער מֶענְשׁ אונ הָאט זִיךְ צוּ גֶעהֶערט צוּם גֶעשְׁפְּרֶאךְ, שְׁוַויגֶענְדִיג. נוּר אַז אַללֶע הָאבֶּען אִיהְן גֶעבֶּעטֶען עֶרְקְלֶערֶען, הָאט עֶר אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּ רֶעדֶען אונ הָאט אַזוי גֶעזָאגְט:

— אִיהר נַארְט אַללֶע אָב אֵיינֶער דֶען אַנְדֶערן אונ נַארְט זִיךְ אַללֵיין. דִי זוּנן דְרֵעהט זִיךְ נִיט אַרוּם דֶער עֶרְד, נוּר דִי עֶרְד דְרֶעהט זִיךְ אַרוּם דֶער זוּנן, אונ זִי דְרֶעהט זִיךְ נָאךְ אַרוּם זִיךְ אַללֵיין, צוּטְרָאגֶענְדִיג צוּ דֶער זוּנן אויף צוּ בֶּעלַייכְטֶען, אִין דֶער צַייט פון 24 שָׁעָה, יַאפַּאן, אונ דִי פִּלִיפִּינִישֶׁע אִינְזֶעלן, אונ סוּמַאטְרַא, אויף וֶועלְכֶער מִיר זִיטְצֶען יֶעצְט, אונ אַפְרִיקָא, אונ אֵייְרָאפַּא, אונ אַזִיֶען אונ נָאךְ אַ סַךְ אַנְדֶערֶע לֶאנְדֶער. דִי זוּנן לַייכְט נִיט פַאר „אֵיין" בּארְג, נִיט פַאר „אֵיין" יַם אונ זָאגַאר נִיט פַאר „אֵיין" עֶרְד קוּגֶעל, נוּר פַאר אַ סַךְ אַזֶאלְכֶע קוּגֶלען, וִוי אוּנְזֶער עֶרְד (פְּלַאנֶעטֶען, קָאמֶעטֶען). יֶעדֶערֶער פון אַייךְ וָואלְט עֶס אַללֵיין גֶעקֶאנְט פֶערְשְׁטֶעהן, אָבֶּער דַאנן נוּר, אַז עֶר וָואלְט גֶעקוּקְט אַרוֹיף אויפְ'ן הִימֶעל אונ נִיט בַּיי זִיךְ אוּנְטֶער'ן נָאז, אונ דַאמָאלְס וָואלְט עֶר נִיט גֶעטְרַאכְט אַזֶאלְכֶע אוּמְגֶעלוּמְפֶּערְטֶע נַארִישְׁקַייטֶען, דָאס דִי זוּנן שַׁיינְט נוּר פַאר אִיהְן אַללֵיין אָדֶער פַאר „זַיין" לַאנְד נוּר.

אַזוי הָאט גֶעזָאגְט דֶער קְלוּגֶער רוֹדֶערֶער. וֶועלְכֶער אִיז אַ סַךְ אַרוּמְגֶעפָאהרֶען אִיבֶּער דֶער וֶועלְט אונ וֶועלְכֶער הָאט אַ סַךְ גֶעקוּקְט אַרוֹיף אויפְ'ן הִימֶעל.

---

— יַא, — הָאט וויעדֶער גֶענוּמֶען רֶעדֶען דֶער כִינֶעזֶער, קָאנְפוּצִיוּסֶ'עס תַּלְמִיד נָאכְדֶעם, אַז עֶר הָאט גֶעעֶנְדִיגְט זַיין בַּיישְׁפִּיעל, —

די קִנְאָה־שִׂנְאָה צְווִישֶׁען פֶּערְשִׁיעדֶענֶע פֶּעלְקֶער שְׁטַאמְמְט , אִיז אַ קִינְד פוּן דֶעם טִירַאנִישֶׁען פָּאטֶער — דֶעם עֶגָאאִיזְמוּס. דָאס , וָואס אִיךְ הָאבּ דֶערְצֵיאהְלְט וֶועגֶען דֶער זוּנְן , קֶאן מֶען אויךְ זָאגֶען וֶועגֶען גָאטְט . יֶעדֶער מֶענְשֶׁען ווִילְלט זִיךְ , דָאס בַּיי אִיהם זָאלְל זַיין אַ בֶּעזוּנְ־דֶערֶער גָאטְטִינְקֶע , אָדֶער , אִיךְ וֶועל אַייךְ שׁוֹין אַרוּנְטֶערְלָאזֶען , דֶער גָאטְט פוּן זַיין פָּאלְק , פוּן זַיין פָאטֶערְלַאנְד . יֶעדֶעס פָּאלְק ווִילל פֶּערְשְׁפַּארֶען , אַריינְנֶעהְמֶען צוּ זִיךְ אִין „אָרוֹן קֹדֶשׁ" דֶען , וֶועלכֶער אִיז „גְרֶעססֶער" פַאר דִי גַאנְצֶע וֶועלְט . . .

קֶאן דֶען , זָאגְט מִיר , אִיךְ בֶּעט אַייךְ , וֶועלְכֶער עֶס אִיז „בֵּית הַמִקְדָשׁ" , וֶועלְכֶער עֶס אִיז „אָרוֹן קֹדֶשׁ" , צוּ גְלַייכֶען זִיךְ מִיט דֶעם גְרויסֶען אוּנ הֶערְלִיכֶען טֶעמְפֶּעל — דִי נַאטוּר , וֶועלְכֶען גָאטט אַלְלֵיין הָאט „אויסְגֶעבּויט" , אוּם צוּ פֶערְאֵיינִיגֶען אִין אִיהם אַללֶע מֶענְשֶׁען אִין אֵיין גְלויבֶּען ? ? . . . . אַללֶע מֶענְשְׁלִיכֶע טֶעמְפְּלֶען זַיינֶען נָאךְ גֶעמַאכְט נָאךְ דֶעם גְרויסֶען טֶעמְפֶּעל — דִי נַאטוּר . אִין אַללֶע טֶעמְפְּלֶען זַיינֶען דָא : הֵיילִיגֶע טַייכֶען , גֶעוֶואלְבֶּען , לַייכְטֶער , בִּילְדֶער , שְׂרִיפְטֶען , גֶעזֶעצְטְבִּיכֶער , קָרְבָּנוֹת , מִזְבֵּחוֹת (אַלְטַארֶען) אוּנ פְּרִיעסְטֶער אִין וֶועלְכֶען טֶעמְפֶּעל אִיז אָבֶּער דָא אַזַא „טַייכֶעל" , ווִי דֶער אָקֶעאַן *) , אַזַא גֶעוֶואלְבּ , ווִי דָאס הִימְמְלִישֶׁע , אַזֶעלְכֶע לַייכְטֶער , ווִי דִי זוּנְן , דִי לְבָנָה אוּנ דִי שְׁטֶערְן , אַזֶעלְכֶע בִּילְדֶער , וֶועלְכֶע עֶס זַיינֶען : דִי מֶענְשֶׁען , וָואס לִיעבֶּען זִיךְ אֵיינֶער דֶעם צְווֵייטֶען , וָואס הֶעלְפֶען זִיךְ אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן ? . . . וואוּ אִיז דָא אַזַא גֶעזֶעטְצְבּוּךְ , אַזַא „חַיֵי אָדָם" , וָואס זָאלל זַיין אַזוֹי פֶערְשְׁטֶענְדְלִיךְ אוּנ קְלָאר יֶעדֶערְן , ווִי דִי

*) גאָר דאָס וואַססער פוּן דער ערד קוגעל האָט מען איינגעטהיילט אויף 5 גרויסע טהיילען אין אסך קליינע. די 5 גרויסע טהיילען זיינען בעוואוסט אונטער'ן נאָמען „אָקעאַנען" : דער גרויססער אָדער שטיללער אָקעאַן , דער אַטלאַנטישער אָקעאַן , דער אינדישער, דער זיד אייז־אָקעאַן אונ דער נאָרד אייז־אָקעאַן . די סך'ן קליינע טהיילען וואַססער הייססען : ימים , ים־בוזען , בוכטען .

גֶעזֶעמְצָע, וֶועלְכֶע זַיינֶען בַּיי אִיהם אָנְגֶעשְׁרִיעבֶּען אִינְגֶערְוֶועניג , אִין זַיין גֶעוִויסֶען , אִין זַיינֶע גֶעפִיהלֶען ?... וואו אִיז דָא אַזֶאלְכֶע קָרְבָּנות, וָואס זַיינֶען גְלַייךְ צוּ דִי קָרְבָּנות , וֶועלְכֶע גוּטֶע מֶענְשֶׁען בְּרֵיינְגֶען זֵייעֶרֶע מֶענְשֶׁענְבְּרִידֶער ?... אוּנ וואו אִיז נָאךְ דָא אַזַא אַלְטַאר (מִזְבֵּחַ) , וָואס אִיז גְלַייךְ צוּ דָאס הַארְץ פוּן אַגוּטֶען מֶענְשֶׁען ?..;

וָואס הֶאבֶער דֶער מֶענְשׁ וֶועט פֶערְשְׁטֶעהן גָאטט , אַלְץ בֶּעססֶער וֶועט עֶר אִיהן קֶאנֶען . אוּנ וָואס בֶּעססֶער דֶער מֶענְשׁ וֶועט קֶאנֶען גָאטט , דֶעסְטָא מֶעהר וֶועט עֶר זִיךְ דֶערְנֶאהֶענְטֶערן צוּ אִיהם , וֶועט נָאךְ טְהוּן „זַיין” גוּטְסְקַייט , „זַיין” רַחֲמָנות אוּנ „זַיין” לִיעבֶּע צוּ מֶענְשֶׁען...

אוּנ , דְרִיבֶּער , לָאז דֶער מֶענְשׁ , וֶועלְכֶער זֶעהט דִי גַאנְצֶע לִיכְטִיגְקַייט פוּן דֶער זוּנן , מִיט וֶועלְכֶער דִי גַאנְצֶע וֶועלְט אִיז פוּלל , לָאז דִיעזֶער מֶענְשׁ נִיט פֶערְדֶענְקֶען אוּנ נִיט הַאסֶען יֶענֶעם אַבֶּערְ-גְלוֹיבִּישֶׁען מֶענְשֶׁען , וֶועלְכֶער זֶעהט אִין זַיין הָאלְצֶערְנֶעם גָאטטֶעלֶע (אִידָאל) נוּר אֵיין שְׁטְרַאהל פוּן יֶענֶער לִיכְטִיגְקַייט ; לָאז עֶר נִיט פֶערְ-הַאסֶען אויךְ דֶען אוּנְגְלוֹיבִּיגֶען , וֶועלְכֶער אִיז בְּלִינְד גֶעוָוארֶען אוּנ זָעהט גָאר נִיט דִי לִיכְטִיגְקַייט”.

אָט אַזוי הָאט גֶעזָאגְט דֶער כִינֶעזֶער , קָאנְפוּצִיוּסֶ׳עס תַּלְמִיד , אוּנ אַללֶע , וָואס זַיינֶען גֶעוֶועזְן אִין רֶעסְטָארַאן , זַיינֶען עֶנְטְשְׁוִויעגֶען גֶעוָוארֶען אוּנ הָאבֶּען מֶעהר נִיט גֶעהַאמְפֶּערְט זִיךְ וֶועגֶען דֶעם , וֶועמֶעס גְלוֹיבֶּען עֶס אִיז בֶּעססֶער .

